# די יודישע

# פאָלקס־געשיכטע

נאָך דער

„פאלקסטהימליכער געשיכטע דער יודען"

— פון —

פראפעסאר ה. גרעטץ.

++++++++++++++++++

ניי איבערדרוקט, אויסגעבעסערט און פערפאָלקאָמט
ביז צו דער געגענוואַרטיגער צייט
פון בן־צבי.

ערשטער טהייל.

חיברו פאבלישינג קאמפאני
52-50 עלדרידזש סט., ניו־יאָרק.

# אינהאלטס־פערצייכניס:

## נאָר דיא אַלטע צייט.



## דער גלות בבל און דער בית שני.



## דיא צייט פון חשמונאים.



## דיא צייט פון הורדוס משפחה.

# פּאָררעדע

צו דער אַמעריקאַנער אויסגאַבע פון היינריך גרעטץ'ס „געשיכטע פון פון דעם אידישען פאָלק".

---

דאָס היסטאָרישע געפיהל, דאָס בעוואוסטזיין פון א היסטאָרישעם פאָלק און דער וואונש צו קענען זיין געשיכטע, איז א בעזאָנדערע כאראקטעריסטישע אייגענטהימליכקייט פון דעם אידישען פאָלק. שוין אין דיא גאנץ אלטע צייטען, ווען די ציוויליזירטעסטע פעלקער פון דער וועלט האָבען נאָך גאָר קיין אידעע געהאַט פון וועלט־געשיכטע, ווען די קונסט פון שרייבען אָדער אויסמאָהלען מענשליכע געדאנקען דורך געוויסע צייכענס האָט זיך נור וואָס געהויבען צו ענטוויקלען, ריכטיגער נאָך, ווען דיעזע קונסט איז נאָך געגאַנגען אין איהרע קינדער שיכעלעך, האָבען דיא גרויסע אנפיהרער פון דעם אידישען פאָלק שוין געשריעבען וועלט געשיכטע.

דאָס ציוויליזירטעסטע פאָלק פון יענע אלטע צייטען, די עגיפּטער, האָבען צוואר געשריעבען פיעלע ליעדער, געזעצע און ערצעהלונגען, אָבער זיי האָבען נאָך ניט געטרוימט פון געשיכטע, זאָגאר ניט פון דער געשיכטע פון זייער אייגענעם פאָלק, פון וועלט־געשיכטע, פון דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג און פון דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט איז גאָר קיינע רעדע ניט געוועזן און האָט גאָר ניט געקענט זיין.

דאַגעגען אָבער הויבט זיך אָן תורת משה, דער חומש, מיט דער וועלט־געשיכטע, מיט דער געשיכטע פון דעם ערשטען מענשען און זיינע נאכקאָמען, דיא דורות נאָך איהם. דער נאָמען תורה בעדייטעט לעהרע, געזעצע, מאָראל, פאָרשריפטען, ווי זיך אויפצופיהרען אין לעבען. די תורה וואָלט אלזאָ געדאַרפט זיך אָנהויבען מיט געזעצע, חוקים, משפטים, דינים, דאָס היסטאָרישע געפיהל, ריכטיגער נאָך, דאָס היסטאָרישע בעדירפנים פון דעם אידישען פאָלק אָבער האָט פעראנלאסט משה רבינו, ער זאָל אָנהויבען זיין תורה מיט היסטאָרישע ערצעהלונגען און געשיכטליכע בעשרייבונגען פון דער פערגאַנגענהייט.

דאָס גאנצע ערשטע בוך, ספר בראשית, בעשטעהט נור פון געשיכטע: פון דער געשיכטע פון דעם ערשטען מענשען, אדם הראשון, פון זיינע קינדער,

פון דעם אנפאנג פון אקערבוי, פיהצוכט, מוזיק און האנדוועריקע. יבל איז געווען דער פאָטער פון נאמאדען און פיהציכטער. „אבי כל יושב אחל ומקנה״. זיין ברודער יובל איז געוועזן דער פאָטער פון אלע מוזיקער: „אבי כל תופש כנור ועוגב״. תובל קין איז געוועזן דער פאָטער פון אלע מעכאניקער: „לוטש כל חרש נחשת וברזל״. שפעטער דערצעהלט אונז דאָס זעלבע ספר בראשית פון דעם מבול, פון פאָטער נח מיט זיין תיבה. און ווי ער איז געוואָרען דער ערשטער פלאנצער פון דעם וויינשטאָק און ווי ער האָט אויסגעפונען די זאָנדערבארע קראפט, וועלכע געפינט זיך אין וויין. ווייטער ווערט דערצעהלט פון דעם דור הפלגה, פון דעם ערשטען גרויסע געביידע, דעם טהורם פון בבל, און פון דעם ענטשטעהען דער פערשיעדענע שפראכען. שפעטער דערצעהלט אונז דאָס זעלבע בוך פון דעם אור־פאָטער פון דעם אידישען פאָלק, פון אברהם אבינו, פון זיינע וואנדערונגען אין פערשיעדענע לענדער, פון די קריעג, וועלכע ער האָט געפיהרט און פון זיינע זיעגע איבער די קעניגע פון ווייטע לענדער. דאָס 14טע קאפיטעל פון בראשית, וועלכעס הויבט זיך אָן מיט „ויהי בימי אמרפל מלך שנער,״ איז א קאפיטעל פון דער וועלט־געשיכטע. דיא געבורט פון ישמעאל, פון עשו און יעקב, די גרינדונג פון דעם שפעטערען קעניגרייך ארום און פון אנדערע קעניגרייכע און פירסטענטהימער, זיינען קאפיטלעך פון דער וועלט־געשיכטע.

עס איז וואהר, אז ווייטער בעשעפטיגט זיך דאָס בוך בראשית נור מיט דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, אָבער אימער נור מיט געשיכטע.

דאָס צווייטע בוך פון תורת משה, ספר שמות, הויבט זיך וויעדער אָן מיט דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק און עס ווערט פאָרטגעזעצט ביז צום 20טען קאפיטעל, ווען עס הויבען זיך שוין אָן געזעצע, חוקים, משפטים און מאָראל לעהרען, אָבער אויך דיעזע געזעצע און לעהרען ווערען פון צייט צו צייט אונטערבראָכען מיט היסטאָרישע ערצעהלונגען פון דיא וואנדערונגען פון דעם אידישען פאָלק אין דער מדבר.

אין די פאָלגענדע ביכער: ויקרא, במדבר און דברים, געפינען מיר דיעזעלבע אָרדנונג אָהן דעמזעלבען פּלאן. געזעצע, פאָרשריפטען און מאָראלישע לעהרען, אונטערבראָכען און דורכגעפלאָכטען מיט היסטאָרישע ערצעהלונגען. מען קען גאנץ פעסט בעהויפטען, אז דער הויפּט כאראקטער פון תורת משה איז געשיכטע. אָנפאנגס וועלט־געשיכטע און שפעטער נור די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. נאָך מעהר, דער הויפּט גרונד פון פיעלע מצות, חוקים ומשפטים איז א היסטאָרישער. די הויפּט אידישע יומים טובים זיינען היסטאָרישע עראינערונגען. לא תתעב מצרי, כי גר׳ היית בארצו, איז א היסטאָרישע עראינערונג. „לא תתעב אדומי, כי אחיך הוא״, איז וויעדער געגרינדעט אויף א היסטאָרישען פאקט.

די הייליגע שריפט נאָך תורת משה, די ביכער יהושע, שופטים, שמואל

און מלכים, זיינען היסטאָרישע ווערק. זיי בעשטעהען אין גאַנצען פון דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק און פון זיינע בעציהונגען פון די פעלקער ארום. זיי גיבען אונז אַ דאָפּעלטע געשיכטע: די געשיכטע פון פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעגעבענהייטען און די געשיכטע פון דעם איננערען לעבען פון דעם פאָלק, פון זיין וועלט אנשויאונג, פון זיינע זיטען און געברויכע און פון זיינע געפיהלע. זיי דערצעהלען אונז פון דעם פּאָליטישען לעבען פון דעם אידישען פאָלק און דער צייט פון דער אידישער רעפּובליק, בימי שפוט השופטים, פון זייערע קריעגע און זיעגע, פון די וועלטליכע שופטים אָדער פּרעזידענטען און פון די גייסטליכע שופטים אָדער פּרעזידענטען, אנפיהרער פון דעם אידישען פאָלק, ווי עלי און שמואל. זיי דערצעהלען אונז פון אַ פרוי אלס פּרעזידענט פון דער אידישער רעפּובליק — דבורה: „והיא שופטת את ישראל בימים ההם". דאָס איז אַ וואהרע, רעגעל רעכטע פּאָליטישע געשיכטע. זיי שילדערען אָבער אויך דאָס פאָלקס־לעבען און דאָס פּריוואַט לעבען פון דעם אידישען פאָלק. די ערצעהלונגען פון מיכה מיט דעם שבט דן, פון דער פלגש בגבעה און די ערצעהלונגען פון דעם קליינעם בוך רות זיינען וואהרע, געטרייע בילדער פון דעם פאָלקס לעבען. די ביכער שמואל און מלכים דער־צעהלען די געשיכטע פון דער אידישער פעראייניגטער און געטהיילטער מאָ־נארכיע.

אז אויסער דיעזע ביכער, האָבען זיך געפונען נאָך אנדערע היסטאָרישע ביכער ביים אידישען פאָלק, בעווייזען אונז פיעלע נעמען פון היסטאָריקער פון יענע אלטע צייטען, ווי ספר גד הנביא, ספר עידו החוזה, דברי הימים למלכי ישראל און דברי הימים למלכי יהודה. דיעזע היסטאָרישע ביכער זיי־נען צוואר פערלאָרען געגאַנגען, עס איז פון זיי געבליבען נור דער נאָמען, אָבער דאָס בעווייזט דאָס היסטאָרישע בעוואוסטזיין פון דעם אידישען פאָלק.

ווען מיר זאָלען בעטראַכטען די ציוויליזירטעסטע פעלקער פון יענע צייטען, די פעניציער און די גריכען, וועלען מיר געפינען, אז אין דער צייט, ווען עס האָבען געשריעבען היסטאָרישע ווערק שמואל, גד הנביא, עידו החוזת און אנדערע, האָבען די פעינציער און גריכען נאָך קיין אידעע געהאַט, וואָס עס הייסט געשיכטע. דער גרויסער גריכישער דיכטער האָמער האָט געשריעבען נור געדיכטע. ער האָט בעזונגען דעם טראָמאַנישען קריעג, אָבער ער האָט קיין געשיכטע געשריעבען.

פון שרייבען געשיכטע, פון קענען זייער געשיכטע, פון וועלען וויסען זייער געשיכטע, האָבען געוואוסט נור אידען. די בעריהמטע אידישע נביאים, די ערהאבענע מאָראַל פּרעדיגער פון דעם אידישען פאָלק: ישעיה, ירמיה, הושע, עמוס, יחזקאל און אלע אנדערע האָבען צוואר געפּרעדיגט נור מאָראַל און האָבען געלערענט נור גוטע זיטען, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבען

זיי אויף געלערנט און געשריעבען געשיכטע. פיעלע קאפיטלעך פון ישעיה, הושע, ירמיה, עמוס, מיכה, זכריה און אנדערע נביאים ענטהאלטען נור היס־טאָרישע ערצעהלונגען. מיר לערנען פון זיי די געשיכטע פון דעם גרויסען ער־אָבער ער סנחריב, פרעה נכו, תרהקה מלך כוש, נבוכדנאצר און אנדערע הער־שער. נור פון דער ביבעל, נור פון דער הייליגער שריפט האָט די ציוויליזירטע וועלט געוואוסט פון דיעזע הערשער און פון זייערע עראָבערונגען. ערשט אין דער נייעסטער צייט האָבען היסטאָרישע פאָרשער אויסגעפונען פיעלע דאָקומענטען, וועלכע בעשטעטיגען די היסטאָרישע פאקטען פון דער ביבעל. ווען ניט די ביבעל, וואָלטען מיר ביז אויף היינטיגען טאָג ניט געוואוסט פון יענע נאפאָלעאָנס פון די אַלטע צייטען.

די ביבעל האָט געוויזען דעם וועג פראנצויז באָטהאָ, דעם ענגלענדער הענרי לאַיארד, דזשאָרדזש סמיטה און אלע אנדערע, וואו צו זוכען און וואו צו געפינען די היסטאָרישע דאָקומענטען און מאָנומענטען פון יענע גאנץ אלטע צייטען. דאָס אידישע פאָלק האָט זיך שטענדיג אינטערעסירט מיט זיין אייגענער געשיכטע און מיט דער געשיכטע פון די פעלקער ארום איהם. ביים אידישען פאָלק איז עס געווען א וואהרעס בעדירפניס צו קענען זיין געשיכטע און די וועלט געשיכטע.

נאָך דעם חורבן בית ראשון איז דיעזעס היסטאָרישע געפיהל צוואר אונ־טערבראָכען געוואָרען אויף א קורצע צייט, אָבער קוים זיינען זיי צוריק געקומען פון גלות בבל, האָבען זיי ווידער אָנגעהויבען זיך צו בעשעפטיגען מיט געשיכ־טע. די ביכער עזרא, נחמיה, דניאל און דברו הימים זיינען היסטאָרישע ווערק. אויסער דעם זיינען אין יענער צייט אָנגעשריעבען געוואָרען פיעלע האלב היס־טאָרישע, האלב פאנטאסטישע ביכער, וועלכע אידען האָבען צוואר ניט אָנ־גענומען, אנדערע פעלקער אָבער האָבען זיי אָנגענומען אלס היסטאָרישע ווערק און האָבען זיי גערופען „אפאָקריפי", פערבאָרגענע שריפטען, ניט פערעפענט־ליכע היסטאָרישע ביכער, ווי דער צווייטער טהייל פון עזרא, די דריי ביכער פון די מכבים אָדער מאקאבעער און אנדערע קלענערע ערצעהלונגען.

דאָס היסטאָרישע געפיהל ביי אידען איז קיין מאל ניט פערלאָשען גע־וואָרען. זאָגאר אין די צייטען פון דעם גרעסטען אומגליק פאר דעם אידישען פאָלק, נאָך דער צושטערונג פון דעם בית שני דורך דעם רוימישען קייזער טיטוס, האָט דער געלערנטער יאזעפוס־פלאוויוס אָנגעשריעבען די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק ביז אין זיין צייט.

עס איז א מערקווירדיגער פאקט, אז אין דער צייט, ווען יאזעפוס פלאוויוס האָט אָנגעשריעבען זיין געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, האָבען די גריכען שוין לאנג געהאט זייערע פילאָזאָפען: סאָקראטעס, פלאטא, אריסטאָטעלעס און אנדערע, אָבער קיין געשיכטע. די רוימער האָבען געהאט גרויסע הערשער, קלוגע געזעצגעבער, בעריהמטע אדוואָקאטען, בעגייסטערטע פערטהיידיגער פון

דעם פאָלק, טאפפערע גענעראלען, גרויסע דיכטער, אָבער קיין געשיכטע און קיינע געשיכטע שרייבער. דער ערשטער רוימישער געשיכטע שרייבער, טיטוס ליוויוס, וועלכער האָט ווירקליך אָנגעשריעבען די געשיכטע פון רוים, האָט געלעבט אין דער זעלבער צייט פון יאָזעפוס פלאוויוס און עס איז נאָך א פראגע, ווער עס האָט פריהער געענדיגט זיין געשיכטע.

מען רופט דעם גריכישען היסטאָריקער הערעדאטאָס „דער פאָטער פון דער געשיכטע". דאָס איז אָבער גרונד פאלש. דער פאָטער פון דער געשיכטע איז געווען משה רבינו, וועלכער האָט אָנגעשריבען א וועלט־געשיכטע טויזענד יאָהר פריהער, איידער הערדאָטאָס איז געבאָרען געוואָרען. דאָס אידישע פאָלק איז געווען א היסטאָרישעס פאָלק פיעלע הונדערטער יאָהרען, איידער עס איז געקומען אין דעם קאָפּ פון א גריכישען דענקער צו שרייבען געשיכטע.

מיט יאָזעפוס פלאוויוס איז געשטאָרבען דער לעצטער גרויסער אידישער היסטאָריקער פון די אלטע צייטען. עס איז אָבער געשטאָרבען נור דער היס־טאָריקער, ניט דאָס היסטאָרישע געפיהל און ניט דאָס בעדירפנים פון היס־טאָרישע קענטניסע. דאָס לעבען פון דעם אידישען פאָלק האָט זיך געענדערט. די געגענוואַרט איז געוואָרען דונקעל און טרויעריג. אין יעדען לאַנד האָבען די דאָרטיגע אידען געלעבט אונטער אַנדערע אומשטענדע, אונטער אַנדערע פער־העלטניסע. פון אַן אלגעמיינער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק האָט קיינע רעדע געקענט זיין. אידען זיינען צו זעעט און צושפּרייט געוואָרען איבער אלע לענדער פון דער דאַמאָלס בעקאַנטער וועלט. דאָס גייסטיגע לעבען פון דעם אידישען פאָלק האָט זיך קאָנצענטרירט און אויסגעדריקט אין דער שולע, איי בית המדרש, אין דער אַקאַדעמיע פון געזעץ קענטניס און געזעץ וויסענשאַפט, מיט אַנדערע ווערטער, אין דער משנה, אין דער גמרא און אין די מדרשים.

דאָס היסטאָרישע געפיהל פון דעם אידישען פאָלק איז אויך דאַן ניט אנשלאָפען געוואָרען. עס האָט זיך אויסגעדריקט און עס האָט געקלונגען העלל און לויט אין דיעזער נייער ליטעראַטור. מיר געפינען אין תלמוד און אין די מדרשים. פיעלע היסטאָרישע פאַקטען, פיעלע היסטאָרישע גערדאַנק־טעג. פיעלע בעשטימונגען פון דעם תלמוד זיינען געגרינדעט אויף היסטאָרישע בעגעבענ־הייטען. דער חכמי התלמוד האָבען אויסגעפונען פיעלע אלטע היסטאָרישע דאָקומענטען, וועלכע זיי פלעגען רופען מגלות סתרים, פערבאָרגענע ראָללען אָדער שריפטען. די מסכתא אבות אָדער פרקי אבות הויבט זיך אַן מיט דער שלשלת הקבלה אָדער די געשיכטע פון דער אידישער טראַדיציאָן. „משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע, ויהושע לזקנים". וואו און ווען מען האָט נור געקענט, האָט מען אויסגעפאָרשט און פערצייכענט היסטאָרישע פאַקטען. ווען מען האָט עס ניט געקענט, האָט מען זיך בעשעפטיגט מיט דער אלטער גע־שיכטע, מען האָט געזאַמעלט לעגענדען, זאַגען און ערצעהלונגען פון די וועלט־צייטען און מען פלעגט זיי איבערגעבען דעם פאָלק אַם שבת און אין די ימים

טובים. שפעטער האָט מען זיי פערשריעבען אלס הגדות פון דעם תלמוד און אין די מדרשים.

די גרויסע מענער פון דעם אידישען פאָלק, די חכמי התלמוד, פלעגען אָפט פיהרען דעבאטען און געזעץ שטרייטיגקייטען איבער היסטאָרישע בעגעבענהייטען. יעדער האָט געזוכט מיטלען און וועגען, ווי אזוי די תורה, די אלטע לעהרע און די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק זאָל ניט פערגעסען ווערען. יעדער האָט געזוכט צו בעשעפטיגען דעם גלויבען, צו פערשטארקען דאָס אידישע נאציאָנאל געפיהל און אויפרעכט צו האלטען די אידישע האָפנונגען אויף א בעסערע צוקונפט.

עס האָט זיך געבילדעט א סאָרט אריסטאָקראטיע. מען האָט אָנגעשריבען א ספר יוחסין. יעדער איד, וועלכער האָט נור געקענט, האָט געזוכט צו בעקומען א יחוס בריעף, א בעווייז, אז ער קומט ארויס פון בעוואוסטע עלטערען, אז ער איז א היסטאָרישע פערזאָן.

דער תלמוד און די מדרשים גיבען איבער ניט נור היסטאָרישע פאקטען פון זייערע צייטען, זיי שפיעגלען אויך אָפּ דאָס אינערע לעבען פון דעם אידישען פאָלק, זיינע פריידען און זיינע ליידען, זיין ווירקונג און זיין שטרעבען, זיינע וועלט אנשויאונגען און זיינע האָפנונגען. דער תלמוד און די מדרשים זיינען וואהרע, עכטע היסטאָרישע ווערק, אויסגעמישט מיט ביבעל ערקלעהרונגען און געזעץ בעשטימונגען. די שול, דאָס בית המדרש, איז געוואָרען דער פלאץ, וואו דאָס אידישע פאָלק האָט געקענט בעפרידיגען זיין בעדירפניס פון היסטאָרישע קענטניסע.

דיא צייטען אָבער זיינען אימער ערגער געוואָרען פאר אידען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען פערפאָלגונגען, אונטערדריקונגען, פערטרייבונגען און בעליידיגונגען. אידען האָבען געמוזט אויסוואנדערען פון לאנד צו לאנד און ארומוואנדערען פון פאָלק צו פאָלק. דאָס קריסטענטהום איז געוואָרען אימער מעכטיגער און עס האָט געשטרעבט אָפצונעהמען די וועלט. דאָס יודענטהום איז איהם געוואָרען א דארן אין אויג. די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז געוואָרען די געשיכטע פון זייערע ליידען, שמערצען, פערפאָלגונגען און ערנידערונגען.

דאָס בוך „שבט יהודה" פון רבי שלמה אבן ווירגא איז דאָס בעסטע היסטאָרישע ווערק פון יענע צייטען פון מיטעל אלטער. אין דער צייט פון די קרייצציגע זיינען ווילדע, פאנאטאזירטע, בארבארישע באנדען אָנגעפאלען אויף פיעלע אידישע געמיינדען אין פערשיעדענע לענדער און האָבען געראובט און געמאָרדעט אידען אָהן שוינונג און אָהן ערבארמען. די לעהר־שולען, די בתי מדרשים, האָבען געמוזט געשלאָסען ווערען. אידען האָבען דערצעהלט די געשיכטע פון זייערע ליידען אין קנות, אין סליחות, און תפלות און פיוטים.

דער געלערנטער לעאָפּאָלד צונץ האָט אויסגעפאָרשט דיעזע אידישע

תפלות פון די שפּעטערע צייטען און האָט בעוויזען, ווי יעדע סליחה, יעדע קנה און פיעלע תפלות זיינען פערפאסט געוואָרען אלס היסטאָרישעס מאָנומענט, אלס עראינערונג פון א טרויעריגער בעגעבענהייט פון דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. די בעוואוסטע קנה „שאלי שרופה באש לשלום אבליך" איז פערפאסט געוואָרען פון רבי מאיר מרויטענבורג אין דעם 13טען יאָהרהונדערט איבער די ספרי תורות, וועלכע די קרייצפיהרער האָבען פערברענט אין פיעלע שטעדט אין דייטשלאנד. די תפלה „אב הרחמים" איז פערפאסט געוואָרען אין דער זעלבער צייט.

אלס היסטאָרישע עראינערונג פון שפּעטערע צייטען האָבען מיר די סליחות לכ' סיון, וועלכע בעשרייבען דאָס אידישע מארטירערטהום אין 1648—1649 אָדער גזירת ת"ח אונטער באָגדאן כמיעלניצקי.

אידען זיינען איינגעשלאָסען געוואָרען אין געהעטאָס און זייער איינציגער טרייסט, זייער איינציגע פרייד און האָפנונג איז געבליבען זייער אלטע ליטע־ראטור. דאָס היסטאָרישע געפיהל איז אָפּגעשוואכט געוואָרען, אָבער ניט אָפּגע־שטאָרבען. געלערנטע אידען האָבען צוואר געשריעבען ביכער נור איבער גע־זעצע, דינים און מנהגים, אָבער אין די פאָררעדען און איינלייטונגען צו דיעזע ספרים געפינט מען גאנץ אָפט וויכטיגע היסטאָרישע פאקטען. מען דארף זיי נור זאמלען. מען דארף זיי זוכען, מען דארף זיי אויסזיפּען און אויסקלייבען. דאָס איז קיין לייכטע ארבייט. מען מוז זיך גיבען פיעל מיה, מען מוז האָבען פיעל געדולד אום צו זאמלען אלע דיעזע דאָקומענטען, אלע דיעזע שריפטען, אלע דיעזע פאקטען און עראינערונגען.

די פערפאָלגונגען און אונטערדריקונגען האָבען נאָך מעהר צו זעעט און צושפּריים דאָס אידישע פאָלק. דאָס צוזאמענשטעלען פון א געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז געוואָרען נאָך שווערער. די אידען פון יעדען לאנד האָבען גע־האָט זייער אייגענע געשיכטע.

מיט דעם אָנפאנג פון דעם 17־טען יאָהרהונדערט איז געקומען א נייע צייט פאר די מענשהייט. די פעלקער האָבען אָנגעהויבען צו פאָדערען פריי־הייט און גלייכהייט. די פראנצויזישע רעוואָלוציאָן און די קריעג, וועלכע נאַ־פּאָלעאָן דער ערשטער האָט געפיהרט, האָבען פערברייטעט ליכט און פרייהייט אין אלע ציוויליזירטע לענדער. אויך אידען האָבען אָנגעהויבען צו פאָדערען מענשען רעכטע, און אויך בירגער רעכטע. דאָס היסטאָרישע געפיהל און דאָס היסטאָרישע בעדירפניס פון דעם אידישען פאָלק האָבען זיך אויפגעכאפּט פון זייער שווערען היפּנאָטישען שלאָף און האָבען אָנגעהויבען צו פאָדערען א גע־שיכטע, אַן אלגעמיינע אידישע געשיכטע פון די אלטע ביז אין די נייע צייטען.

פיעלע אידישע געלערנטע האָבען דאן פּרובירט אָנשרייבען געשיכטע

ביכער אָדער וועגינסטענס געשיכטליכע ביכער, היסטאָרישע שריפטען. פאָל־שטענדיג געלונגען, א גוטע, ריכטיגע, וויסענשאַפטליכע געשיכטע האָט אָבער אָנגעשריעבען נור איינער — רבי הירש גרעטץ אָדער פּראָפעסאָר היינריך גרעטץ.

היינריך גרעטץ האָט אם בעסטען געקענט די קוועללען, פון וועלכע מען קען שעפּען מאַטעריאַל פאר די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. ער האָט אויסגעלערנט און אויסגעפאָרשט אלע גריכישע און לאַטיינישע שריפטען, וואו עס ווערען דערמאהנט פאקטען פון דער אידישער געשיכטע. ער איז געוועזען גוט בעקאַנט מיט דעם תלמוד און מדרשים. ער האָט גוט געקענט די גרויסע אידישע ליטעראַטור, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט נאָך דעם תלמוד און דערביי האָט ער אויך גוט געקענט די ליטעראַטורען פון אנדערע פעלקער, וועלכע האָבען אירגענד וועלכען בעצוג אויף אידען און יודענטהום.

היינריך גרעטץ האָט אָנגעוויזען, ווי צו פערשטעהן דעם תלמוד און די מדרשים, ווי זיי צו „לערנען", ווי זיי צו קענען און ווי אזוי אויסצוגעפינען דעם היסטאָרישען זינן, די היסטאָרישע בעדייטונג און דעם היסטאָרישען ווערטה פון די פערשיעדענע שולען, פערשיעדענע מיינונגען און פערשיעדענע שטרעבונגען פון די חכמי התלמוד, פון די גרויסע גייסטער פון דעם יודענטהום אין די פיער־פינף יאָהרהונדערטע נאָך דעם חורבן בית שני.

ווער עס האָט קיין געשיכטע געלערנט, דער מאכט געוועהנליך צוויי גרויסע פעהלער. ערשטענס, ווען ער לערנט דעם תלמוד און ער געפינט דאָרט: „אמר רבי יהושע", „אמר רבי אליעזר", „בית הלל אומרים", „בית שמאי אומרים", שטעלט ער זיך פאָר, אז דאָס זיינען געוועזען נור „זאָגער", באַנק־קוועטשער, אקאַדעמיקער, וועלכע האָבען געשטעלט געוויסע פראגען נור אום צו קענען זיך מפלפל זיין, אום צו דעבאַטירען, אום ארויסצואווייזען זייערע קענטניסע. פון דער וועלט, פון דעם ווירקליכען לעבען, פון די פּאָליטישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע שטרעמונגען און שטרעבונגען פון זייער צייט האָבען זיי גאָר קיינע אידעע געהאַט. היינריך גרעטץ ווייזט אונז, אז די חכמי התלמוד זיינען געוועזען ניט נור „זאָגער", זאָנדערן מענשען, וואהרע מענשען פון בלוט און פלייש, ווירקליכע אָנפיהרער פון זייער פאָלק, וועלכע האָבען טיעף געפיהלט דאָס וואָהל און דאָס וועה פון זייער פאָלק. די צוויי גרויסע שולען, וועלכע מיר רופען געוועהנליך „בית שמאי" און „בית הלל", זיינען געוועזען די פאָרשטעהער און פערטרעטער פון צוויי שטרעמונגען, פון צוויי אידיש־סאָציאַלע פּארטייען. יעדע פּאַרטיי האָט עס געוויס גוט געמיינט מיט דעם פאָלק און האָט געשטרעבט צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון איהר מיינונג דורך געזעץ בעשטימונגען. מיר קענען זאָגען, אז די „בית שמאי", האָבען פאָרגעשטעלט די שטרענג אָרטהאָ־דאָקסע פּאַרטיי און די בית הלל — די ליבעראַלע פּאַרטיי. דאָס זעלבע קענען מיר זאָגען פון די אנדערע גרויסע מענער, די בעלי מחלוקת פון דעם תלמוד.

רבי עקיבא איז געווען אן עכטער רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען איבער־צייגט, אז ווען אלע אידען זאָלען זיך פעראייניגען, קענען זיי לייכט אראָפּוואר־פען פון זיך דעם יאָך פון רוים. ער האָט אויך געווירקט אין דיעזען זינן און האָט אָנגעזאמעלט אן ארמעע פון אכט און פיערציג טויזענד מאן און איז געגאנגען מיט זיי אָפּנעהמען ארץ ישראל. אלס גענעראל האָט ער אויסגעקליבען שמעון בר כוכבא, וועלכער האָט געדיענט אין דער רוימישער ארמעע און האָט אויס־געלערענט די רוימישע קריעגס קונסט. אין תלמוד אין די מדרשים איז דער־מאָהנט דער פאקט פון דער רעוואָלוציאָן אונטער דער גייסטיגער אָנפיהרונג פון רבי עקיבא און אונטער דער מיליטערישער אָנפיהרונג פון בר כוכבא, אָבער ערשט היינריך גרעטץ האָט דיעזע פאקטען בעלייכטעט און וואהר היס־טאָריש בעשריעבען. היינריך גרעטץ האָט אויסגעזוכט די רוימישע קוועללען און די רוימישע בעשרייבונג פון דיעזען קריעג און פון די בלוטיגע שלאכטען, וועלכע דער טאפּפערער בר כוכבא האָט געפיהרט. בר כוכבא האָט זיך פער־טהיידיגט ווי א העלד. רבי עקיבא האָט געוואָרבען סאָלדאטען און האָט בע־שאפען די נויטהיגע פינאנסען פאר דעם קריעג. די רוימער האָבען געמוזט בע־ציהען זייער בעסטען גענעראל אום צו קעמפּפען געגען בר כוכבא.

ערשט ווען מען לעזט די געשיכטע פון דיעזער רעוואָלוציאָן פון היינריך גרעטץ, קען מען פערשטעהן די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין דער ערש־טער העלפט פון דעם צווייטען יאָהרהונדערט נאָך דער קריסטליכער צייט רעכנונג.

איך האָב געבראכט דיעזע רעוואָלוציאָן נור אלס ביישפּיעל. היינריך גרעטץ בעלייכטעט און ערקלעהרט היסטאָריש יעדע פּעריאָדע, יעדען צייט אבשניט פון דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. ער דערצעהלט ניט נור פאקטען, ער ערקלעהרט דיעזע פאקטען. דער תלמוד און די מדרשים דערצעה־לען נור פון די ליידען און שמערצען פון דעם אידישען פאָלק, היינריך גרעטץ שרייבט זיין געשיכטע.

דער צווייטער, גרויסער פעהלער, וועלכען עס בעגעהען אלע מענשען, וועלכע קענען ניט די געשיכטע, בעשטעהט דארין, וואָס זיי נעהמען פאק־טען, אויסדריקע און ווערטער פון יענע צייטען און פערגלייכען זיי, ערקלעה־רען זיי מיט די בעגריפע, אידעען און אויסדריקע פון אונזער צייט. איך האָב פריהער געברויכט דעם אויסדרוק פון אָרטהאָדאָקסע און ליבעראלע פּארטיי. דאָס זיינען היינטיגע, מאָדערנע אויסדריקע, זיי פּאסען קוים פאר די בית שמאי און בית הלל. ווער עס לעזט דעם תלמוד אין די מדרשים און וויל זיי ער־קלעהרען מיט היינטיגע בעגריפע און מיט היינטיגען שפּראך־געברויך, דער מאכט גרויסע פעהלער, דער פערשטעהט ניט דיא געשיכטע. נור ווער עס האָט געלעזען היינריך גרעטץ'ס געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, דער איז אים

שטאַנד צו פערשטעהען די פּאַרטייען, די מיינונגען און די וועלט אנשויאונגען פון יענע אַלטע צייטען.

היסטאָרישע ווערק האָבען געשריעבען פיעלע געלערנטע. דער „צמח דוד" פון רבי דוד גאַנז אין 16טען יאָהרהונדערט. דער סדר הדורות פון רבי יחיאל האַלפּערין אין דעם 14טען יאָהרהונדערט איז אַ גאַנץ וויכטיגעס היס־טאָרישעס ווערק. רבי יחיאל האַלפּערין האָט בעזאָנדערס געפיהלט דאָס היסטאָ־רישע בעדירפניס פון דעם אידישען פאָלק, און דאָך איז דער צמח דוד און דער סדר הדורות קיין געשיכטע. זיי זיינען גוטע כראָניקען, אָבער קיין געשיכטע. דער סדר הדורות בעשטימט צוואַר גאַנץ גענוי די צייט נאָך דער אידישער און נאָך דער קריסטליכער צייט רעכנונג, ווען יעדער תנא און יעדער אמורא האָט געלעבט, אָבער נור היינריך גרעטץ ערקלעהרט אונז, וואָס יעדער האָט געווירקט, וואָס ער האָט אויפגעטהאָן און וואָס עס איז געווען דער גייסט פון זיין צייט.

היינריך גרעטץ גיט אונז אַ קלאָהרען, דייטליכען בעגריף איבער די פּעריאָ־דע פון דער אידישער געשיכטע אין בבל, איבער דאָס ענטשטעהען פון דעם תלמוד ירושלמי. ער ערקלעהרט אונז די פּעריאָדען פון דער אידישער געשיכטע אין שפּאַניען, און פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד און אין פּוילען. ער ווייזט אונז די לאַגע פון אידען אין אַלע דיעזע לענדער און זייערע בעציהונגען צו די פעל־קער אַרום זיי.

היינריך גרעטץ'ס געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז אַ גאַנצע, אַ פאָלשטענדיגע, אַ וויסענשאַפטליך היסטאָרישע געשיכטע. זי אומפאַסט אַלע צייטען אין אַלע לענדער, וואו און ווען אידען האָבען געוואוינט, ווי זיי האָבען דאָרט געלעבט, ווי זיי האָבען געליטען און ווי זיי האָבען זיך ענטוויקעלט גייסטיג און מאַטעריאל. היינריך גרעטץ איז אַן אונפּאַרטייאישער היסטאָריקער. ער איז אַ הייסער אידישער פּאַטריאָט, אָבער ער שעהמט זיך ניט אויסצוזאָ־גען, וואו אידען האָבען געמאַכט פעהלער. ווי דער אַלטער ישעיה האָט זיך ניט געשעהמט אויסצורופען: „הוי גוי חוטא, עם כבד עון", אַזוי ווייזט אויף גרעטץ אויף פיעלע פעהלער, וועלכע אידען האָבען בעגאַנגען. ער ווייזט אויף איינינגע אידישע מענער, וועלכע זיינען געוואָרען צו שטאָלץ און האָבען געהאַנדעלט פּאַרטייאיש. דאַגעגען האָט ער קיין מורא צו טאַדלען און אויפצואווייזען די אונגערעכטיגקייטען און ניעדערטרעכטיגקייטען פון די געגנער פון דעם אי־דישען פאָלק. ער האָט אַרויסגעזאָגט אַזוי פיעל ביטערע וואהרהייטען די קעניגע און פירסטען פון דייטשלאַנד פון זיין צייט, אַז ער האָט זיך צוגעצויגען פּראָ־צעסען און אַנקלאַגען פון איינינגע הערשער אין דייטשלאַנד און עסטרייך. דער דייטשער שריפטשטעללער היינריך פאָן טרייטשקע איז אַרויס געגען היינריך גרעטץ אין די דייטשע צייטונגען מיט געוואלדען און געשרייען, אַז אידען קענען ניט זיין טרייע בירגער פון דייטשלאַנד. אלס בעווייז האָט ער גע־

בראכט נרעטץ'ס געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק.

פאר היינריך גרעטץ'ס אן ארטיקעל אין א וויענער יאָהרבוך: „די פעראיננונג דעם אידישען שטאמעס", האָט דער אידישער ארויסגעבער נעמוזט צאָהלען א שווערע געלד־שטראפע.

היינריך גרעטץ האָט געשריעבען זיין געשיכטע גערעכט, עהרליך, אונפארטייאיש, אלס פאָרשער, אלס דענקער, הויפטזעכליך אָבער אלס היסטאָריקער. עס איז דארום נאָר קיין וואונדער, וואָס זיין געשיכטע איז באלד איבערזעצט געוואָרען אויף אייניגע אייראָפעאישע שפראכען. אויף פראנצויזיש און אויף ענגליש איז זיא איבערזעצט געוואָרען אין גאנצען. אויף רוסיש נור אייניגע טהיילע. די רוסישע צענזור האָט מעהר ניט ערלויבט. זיין געשיכטע איז אנערקענט געוואָרען אלס די בעסטע אידישע געשיכטע פון אלע עהרליכע קריסטליכע געלערנטע. די אקאדעמיע פיר היסטאָרישע וויסענשאפטען פון שפאניען האָט איהם אויפגענומען אלס עהרענמיטגליעד און האָט איהם געשיקט אן עהרען דיפלאָם, אָבוואָהל גרעטץ האָט גאָר ניט געשוינט די רעגיערונג פון שפאניען און איהר ווילדען פאנאטיזמוס.

גרעטץ'ס געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז געוואָרען א האנד־בוך פאר יעדען דענקענדען אידען, א לעהר בוך פאר זיינע קינדער און א ציערונג פאָר זיין הויז. ביי יעדען דענקענדען אידען אין שטוב קען מען יעצט געפינען גרעטץ'ס געשיכטע ענטוועדער אין אָריגינאל אָדער אין אן איבערזעצונג. זייט עס האָט זיך ענטוויקעלט א ליטעראטור אויף אידיש דייטש, האָט מען אָנגעהויבען צו פיהלען דאָס בעדירפניס פון אן איבערזעצונג פון גרעטץ'ס געשיכטע אויף אידיש. אין אמעריקא איז עס געוואָרען א נויטהווענדיגקייט פאר אידען צו האָבען ביי זיך גרעטץ'ס געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק.

א. טאנענבוים.



# גָאר דִי אַלְטֶע צַייט.

---

## עֶרְשְׁטֶעס קַאפִּיטֶעל.

### דָאס בַּאזֶעצֶען זִיךְ אוּנ וֶוערֶען אַ פָּאלְק.

אַ לַאנְד , וָואס לִיעגְט בַּא׳ם בְּרֶעג פוּנ׳ם רוּישֶׁעגְדֶען יַם , וָואס הָאט אִין זִיךְ אִי הוֹיכֶע בֶּערְג, אִי טִיעפֶע טְהָאלֶען, מוּז שַׁאפֶען בַּיי דִי מֶענְשֶׁען , וָואס וָואהְנֶען דָארְט, נָאר אֵיין אַנְדֶער מִין לֶעבֶּען, אוּנ וֶוען דָאס לַאנְד הָאט נָאךְ אַ פְּרִישֶׁע , רֵיינֶע, וַוארְמֶע לוּפְט, רֶעגֶען וֶוען מֶען בַּארְף, קֶעלְט אוּנ הִיטְץ צוּ דֶער צַייט, כִּמְעַט נָאר נִיט קַיין טוּמַאנֶען אוּנ אַ גֶערֶאטֶענִישׁ אִין פֵּירוֹת אוּנ תְּבוּאָה, מוּז שׁוֹין דָאס לֶעבֶּען זַיין עֶפִּים פוּן אַ הֶעכֶערֶער מַדְרֵיגָה. וֶוער שְׁמִיעֶסְט נָאךְ וֶוען דָאס פָּאלְק אִיז נָאךְ פוּן דִיא קִינְדֶערְשֶׁע יָאהְרֶען אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען מִיט אַ גֶעפִיהל אַז עֶס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען צוּ עֶפִּים גְרוֹיס אוּנ דֶערְמִיט אִיז עֶס אָבְּגֶעטְהֵיילְט פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער, אוּנ זַיינֶע פִיהְרֶער זוּכֶען מִיט אַלֶע כּחוֹת נָאךְ מֶעהְר אַיינְצוּוָוארְצְלֶען בַּיי אִיהם דָאס גֶעפִיהל אוּנ מַאכֶען דֶערְפוּן אַ פֶעסְטֶע אִיבֶּערְצַיינוּנְג, מוּז אַזַא פָּאלְק בֶּעקוּמֶען זַיין אֵייגֶענֶעם חַארַאקְטֶער, וָואס וֶוערְט קֵיין מָאל נִיט פֶערְאֶנְדֶערְט.

אַזַא לַאנְד אִיז גֶעוֶוען כְּנַעַן, וָואס מֶען רוּפְט עֶס אִיצְט פַּאלֶעסְטִינַא , אַ שְׁכֵנָה פוּן דָרוֹם זַייט נֶעבֶּען פֶענִיקְיֶען, דָאס מִיטֶעלְלֶאנְדִישֶׁען יַם, אוּנ דָאס פָּאלְק וָואס הָאט זִיךְ דָארְט בַּאזֶעצְט אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן דִי בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל. עֶהְדֶער זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אַהִין, הָאבֶּען זֵיי אַ סַךְ נִסִים אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט. זִיבְּצִיג נְפָשׁוֹת זֶענֶען זֵיי אִין גַאנְצֶען גֶעוֶועהן וֶוען אַ הוּנְגֶער הָאט זֵיי אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן כְּנַעַן, וואו זֵייעֶרֶע

עלטערן האבען געוואוינט, קיין מצרים, וואו זיי האבען זיך בעזעצט אין גשן. געהאט ווערט א פריינדליכע אויפנאהמע אונד זיך שטארק פארמערט. פון זיבציג נפשות איז ניך אויסגעוואקסען זיבציג משפחות, וואס האבען זיך איינגעטהיילט אין צוועלף שבטים. די בני ישראל וואלטען שוין אויף תמיד געבליבען אין מצרים, ווען עס שטעהט ניט אויף א נייער מלך, וואס האט אנגעהויבען פאר זיי מורא האבען, טאמיר פארמערען זיי זיך צו פיעל אונד ווערען צו שטארק. אונד האט זיי געמאכט פאר קנעכט. וואס האבען געמוזט ארבייטען מיטן ביטערן שווייס, טראגען לעהם אונד ציעגעל אונד בויען פיראמידען אונד גאנצע שטאדט. די שווערע ארבייט וואלט זיי מיט דער צייט געוועהן אזוי פארגראבט, אז זיי וואלטען געווארען גלייך צו ווילדע חיות, ווען ביי די אלטסטע פון זיי לעבט ניט דער זכר פון די היילינע אבות, פון דעם פרומען אונד פון גאט אויסגעפריוטען אברהם, פון זיין געליעבטען בן יחיד יצחק, פון זיין עניקעל יעקב, וואס האט זיך גענוג אנגעליטען אונד בעקומען אויך דעם נאמען ישראל, אונד ענדליך פון יוסף, וואס האט געטהון אזוי פיעל גוטס דעם לאנד מצרים. נאר וואס מעהר פרישער דעם זכר פון דעם אלעמען איז ביי זיי געוועהן אין הארצען, מעהר האבען זיי געקרעכצט אונטער דעם יאך פון שקלאווערייא אונד פון דעם וועטהיג וואס מען האט זיי בעצאהלט מיט אזא אונדאנקבארקייט.

איינאיינעם מיט דעם זכר האט אויך געטליעט ביי זיי א פונק פון אמונה אין א גאט וואס האט בעשאפען הימעל אונד ערד אונד אלדינג וואס איז דארט דא, וואס איז אליין גערעכט אונד בעשיצט די גערעכטיגקייט אונד איז ניט אזוי ווי די אבגאטטער אזירים אונד איזיס, אדער אנדערע רינדער, קאק אונד קעץ, וואס די מצרים האבען צו זיי געדיענט. אונד ווען דער פונק האט אנגעהויבען א ביסעל זיך אויסצו-לעשען בא פיעלע, וואס צו ליעב דער שקלאווערייא האבען זיי פארגעסען ווער זיי זענען אונד פון וואנען זייא קומען ארויס, איז דאך געוועהן א קליינער טהייל, אונד בעזאנדערס דער שבט לוי, וואס האט זיך פעסט געהאלטען אין דער אלטער ירושת פון די אבות. פון דעם שבט זענען אויך ארויסגעקומען די צוויי ברידער, קינדער פון עמרם אונד יוכבד, וואס האבען ניט דערלאזט די בני ישראל זאלען זיך אין גאנצען אבגייסען פון דיעזער גאט אונד האבען מיט זיין ליכטיגער שיין בעליכטעט דאס פינסטערניש. דער יונגערער איז געוועזען משה, דער ערשטער נביא אונד דער גרעסטער פאלקסלעהרער, וואס ביי אלע זיינע מעלות האט זיך קיינער מיט איהם ניט געקאנט פערגלייכען אין ענוות. דער עלטערער ברודער אהרן האט געקאנט שענער רעדען. נאר אויסזיכט האבען זיי ביידע געארבייט ביי פרעה

עֶר זָאל אַרוֹיסְלָאזֶען זַייעֶרֶע בְּרִידֶער פוּן מִצְרַיִם, עֶרְשְׁט אַז דִי מִצְרִים הָאבֶּען גֶע־זֶעהֶן דִי גֶעטְלִיכֶע הַאנְד אוּנ עֶס זֶענֶען אוֹיף זֵיי גֶעקוּמֶען דִי צֶעהֶן מַכּוֹת, הָאט מֶען זֵיי עֶרְלוֹיבְּט צוּ פֶערְלָאזֶען דָאס לַאנְד. דֶער אַרוֹיסְגַאנְג פוּן מִצְרַיִם הָאט מִיט אַ מָאל גֶעמַאכְט פוּן קְנֶעכְט אַ פָאלְק אוּנ דָאס נַייֶע לֶעבֶּען פוּן דֶעם פָאלְק אִיז גֶעוֶועהֶן פוּל מִיט ווּאוּנְדֶער: דָאס שְׁפַּאלְטֶען פוּן דֶעם יַם־סוּף, דָאס אַרוּמְ־דְרֶעהֶען זִיךְ פִירְצִיג יָאהר אִין דֶער מִדְבָּר, וואוּ מֹשֶׁה הָאט זֵיי צוּגֶעגְרֵייט אוּנ גֶעלֶערְנְט צוּ ווֶערן אַ פָאלְק, דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אוֹיפ'ן בַּארְג סִינַי, דֶער יוּנְגֶער דוֹר, וָואס אִיז אִין דֶער צַייט אוּנְטֶערְגֶע־וַואקְסֶען אוּנ אִיז אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעוָואהנְט גֶעוָוארֶען פוּן אַלֶע פֶעהְלֶער פוּן דֶעם אֶלְטֶערן דוֹר, — דָאס אַלְצְדִינְג הָאט אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט פוּן דִי גֶעוֶועזֶענֶע קְנֶעכְט אַ פְרֵיי פָאלְק, וָואס הָאט זִיךְ מִיט זַיין אֵיינְגֶענֶעם כֹּחַ צוּגֶעשְׁלָאגֶען צוּ דֶער אַלְטֶער הֵיים, צוּם לַאנְד כְּנַעַן.

נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן משֶׁה, וָואס זַיין קֶבֶר אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען נִיט בֶּעקֶענְט, כְּדֵי דָאס פָאלְק זָאל אִיהם נִיט מַאכֶען פַאר אַ גָאט אָדֶער אֵיין אָבְּגָאט, הָאט זַיין תַּלְמִיד יְהוֹשֻׁעַ בֶּן נוּן, אַרִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעאהְנְטֶער זִיךְ צוּצוּרִיקֶען אוּנ אַרְבֵּייטֶען מ'זָאל קֶאנֶען אָבְּנֶעמֶען דָאס לַאנְד כְּנַעַן. דֶער נִצָּחוֹן אִיבֶּער דִי צְווֵיי מְלָכִים, סִיחוֹן אוּנ עוֹג, פוּן דֶער זַייט יַרְדֵן, הָאט גֶעשְׁטַארְקְט דָאס פָאלְק, עֶס זָאל זִיךְ מִיט מֶעהר חֵשֶׁק גֶעהמֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען דִי פֶעלְקֶער וָואס הָאבֶּען גֶעוָואהנְט פוּן יֶענֶער זַייט. דָאס בַּאזֶעצֶען זִיךְ אִין לַאנְד אִיז אָבֶּער אָנְגֶעקוּמֶען אַ סַךְ שְׁוֶוערֶער ווִי דָאס אַיינְגֶעהמֶען, וָואס אִיז דַוְקָא גְרִינְגֶער גֶעוֶועזֶען, וַוייל דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גְרֶעסֶער אִין דִי צָאהל פוּן דִי קְלֵיינֶע פֶעלְקֶערְלִיךְ, וָואס מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט מִיט זֵיי הָאבֶּען צוּ טְהוּן. דָאס לַאנְד כְּנַעַן אִיז דֶאמָאלְט גֶעוֶועזֶען צוּשְׁטִיקֶעלְט אִין דִי הַאנְד פוּן אֵיין אוּנ דְרַייסִיג מְלָכִים, וָואס יֶעדֶער הָאט גֶעהַאט צוּ שַׁאפֶען אִיבֶּער אַ שְׁטָאדְט מִיט אַ פְּלַאץ אַרוּם אוּנ אַיינֶער מִיט'ן אַנְדֶערן הָאבֶּען שְׁטֶאנְדִיג גֶעקְרִיעגְט. בַּא אַזאַ לַאגֶע, אַז עֶס הָאט זִיךְ נָאךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען הָארֶען פוּן ווַייטֶענְס וָואס פַאר אַ גְרוֹיס פָאלְק עֶס גֶעהט פוּן מִצְרַיִם, וָואס פַאר אַ פְּסַק עֶס הָאבֶּען גֶעהַאפְּט דִי מַלְכֵי אֱמוֹרִי פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן אוּנ מִיט וָואס פַאר אַ בִּטָּחוֹן עֶפִּיס אוֹיף אַ גָאט אִיז דָאס פָאלְק מְנַצֵחַ אוּנ קוּמְט אַלֶע מָאל נֶעהְנְטֶער, אִיז גָאר קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס אוֹיף אַלֶע אִיז גֶעפַאלֶען אַ שְׁטַארְקֶער פַּחַד אוּנ דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן פִיער שְׁטֶעדְט, וָואס מֶע הָאט זֵיי גֶערוּפֶען אַנְשֵׁי גִבְעוֹן, הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין אוּנְטֶערְגֶעגֶע־בֶּען אוּנ גֶעוָוארֶען שְׁקְלַאוֶוען. אַזוֹי הָאבֶּען דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אַיינְגֶענוּמֶען פִיעל קְלֵיינֶע

פאלקער אונ מלכים אין כנען אונ האבען אנגעהויבען הערשען אין דער מיט פונ'ם לאנד אונ אויך אין דרום זייט. ריקען זיך ווייטער קיין צפון זייט — איז שוין געוועהן א ביסעל שווערער, ווייל דארט זענין דיא איינוואהנער געוועהן זעהר שטארק אונ האבען געהאט גענוג כלי־זין, וואס איז נאר געוועהן אין יענער צייט. עס וואלט אפילו דאס אויך געקאנט געראטהען, ווען די בני ישראל האלטען זיך איינס; עטליכע שבטים האבען זיך אבער אבגעזאגט פון ווייטער מלחמה פיהרען אונ האבען ארויסגעלאזט די שווערד פון דער האנד, כדי זיי זאלען זיך שוין אבררוהען אויף דעם שטיקעל ערד, וואס זיי האבען דערווייל פערכאפט.

דער ערשטער איז ארויסגעשפרונגען דער שבט יוסף, וואס האט זיך באלד צוטהיילט אויף צוויי שבטים: אפרים און מנשה. זיי זענין ביי זיך זעהר גרויס געוועהן אונ האבען זיך גערעכענט פאר מעהר מיוחסים, ווייל יוסף איז געשטאנען אין מצרים אויף גאר א הויכער מדרגה און פון זיי איז טאקי ארויסגעקומען יהושע, דער איצטיגער פיהרער פונ'ם פאלק. דאריבער האבען זיי זיך צוגענומען דאס בעסטע שטיק לאנד, צווישען די מיטעלסטע בערג, בא דער שטאדט שכם, וואס ליעגט אין א טהאל, צווישען צוויי בערג גרזים און עיבל, וואס איז געוועהן די געבענטשטע געגענד אין גאנצען לאנד אונ האט געדארפט ווערען דיא הויפט־שטאדט פון כנען; עס איז זיי אבער נאך קארג געוועהן אונ אזוי ווי זיי האבען געוואוסט אז זיי האבען אזא צד ווי יהושע אין דער משפחה, האבען זיי זיך אנגעהויבען פאר איהם צו קלאגען אז די צאהל זייערע איז צו גרויס, אז עס איז זיי ענג אונ אז זיי וואלטען בעדארפט נאטהיג האבען נאך דאס פעטע שטיקעלע ערד, וואס ציהט זיך פון הר־אפרים ביז צום בארג תבור. יהושע האט אבער ניט געקוקט אויף דעם וואס דאס זענין זיינע קרובים, ער האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג אונ האט זיי געזאגט: אז איהר זענט יוא אזוי פיעל, קאנט איהר אייך אבנעהמען די בערג אונ דעם וואלד, וואס איז דארט. אז זיי האבען קיין ברירה ניט געהאט, האבען זיי זיך שוין געמוזט בעגניגען מיט דעם וואס זיי האבען געהאט אונ זיי זענין געבליבען אויף דעם איינענעם ארט.

קוקענדיג אויף דעם שבט יוסף, האבען אנדערע שבטים אויך דאס איינענע געטהון, אונ האבען זיך אבגעזוכט ערטער וואו זיי זאלען קאנען בלייבען. פיער שבטים האבען זיך צושפרייט אין דרום אונ אין מערב זייט, אונ פיער האבען זיך געלאזט ווייטער קיין צפון זייט. די שבטים יששכר, זבלון, אשר און נפתלי זענין ניט געוועזן אזוי איבערגעשראקען ווי אנדערע אונ האבען זיך א שטארקען רוק געטהון ביז

צום מָהאל יִזְרְעֶאֶל, אַ טְהֵייל וָוענִין דָארְט גֶעבְּלִיעבֶּען אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען דֶערְתְּרֵייכְט רָמָה, וָואס אִיז בַּיי דֶער דָרוֹם זַייט פוּן דֶעם תּוֹיבֶען בַּארְג לְבָנוֹן. דָא אִיז מֶען אָבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן, הַייל הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט דִיא כְּנַעֲנִים, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט אַייזֶערְנֶע בֵייטְוָואגֶען אוּנ אַנְדֶערֶע בֶּעסְטֶע קְרִיעגְסְמִיטֶעל, הָאט מֶען זִיךְ נִיט גֶעפִיהְלְט אִין כֹּחַ. דֶער שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר אִיז צוּפְרִיעדֶען גֶעוָועהְן וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַ ווֹאהל פְלַאץ מִיט פַאשֶׁע פַאר דִי בְּהֵמוֹת, הָאט עֶר זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען דִי כְּנַעֲנִים אוּנ הָאט גֶעדַאנְקְט נָאט וָואס מֶען לָאזְט אִיהְם צוּ רוּה. דֶעם שֵׁבֶט זְבוּלוּן בַּאנֶעגֶען אִיז גֶערָאטְהֶען זִיךְ צוּצוּשְׁלָאגֶען בִּיז רָמָה אוּנ נִיט וַוייט פוּנ'ם בַּארְג תָּבוֹר אוֹיסְבְּרֵייטֶען בַּיי דִי כְּנַעֲנִים אַ גוּט שְׁטִיקֶעל עֶרְד. דִיא אִיבְּרִיגֶע צְוַויא שְׁבָטִים, אָשֵׁר אוּנ נַפְתָּלִי, אִיז עֶס שׁוֹין שְׁוָוערֶער אָנְגֶעקוּמֶען זִיךְ צוּ גֶעפִינֶען אַ מָקוֹם מְנוּחָה, וַוייל זַיי הָאבֶּען גֶערָאד אָנְגֶעטְרָאפֶען אוֹיף אַ וָועלְכֶע כְּנַעֲנִים וָואס הָאבֶּען פַארְשְׁטַאנֶען וִויא אַזוֹי זִיךְ צוּ וֶועהְרֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ אַ קֶענִיגְגֶעשְׁטֶעלְט יָבִין דֶער מֶלֶךְ פוּן חָצוֹר, וָואס עֶטְלִיכֶע קְלֵיינֶע קֶענִיגֶע וָוענִין אִיהְם גֶעקוּמֶען צוּ הִילְף. אַז זַייא הָאבֶּען דָאס דֶערְוָוסְט. הָאבֶּען זַיי בַּאלְד גֶעשִׁיקְט בֶּעטֶען יְהוֹשֻׁעַ'ן אוּנ צוּזִישֶׁען דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁבָטִים הָאט זִיךְ נָאךְ אַזוֹי פִיעל גֶעפוּנֶען אַחְדוּת, אַז זַיי וָוענִין בַּאלְד גֶעלָאפֶען הֶעלְפֶען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער מִיט גְרוֹיס גְבוּרָה. אַז יְהוֹשֻׁעַ מִיט זַיין חַיִל אִיבֶּערְגֶעפַאלֶען דִי כְּנַעֲנִים אוּנ בַּאם וַואסֶער מֵרוֹם הָאבֶּען זַיי גֶעהַאט אַ גוּטֶע מַפָּלָה. דֶערְמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ דִיא שְׁבָטִים אָשֵׁר אוּנ נַפְתָּלִי בֶּעפֶעסְטִיגְט אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ וָוענִין גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען בַּא דֶער גְרֶענִיץ, וָואס הָאט זַיי פוּן צָפוֹן זַייט אָבְּגֶעטְהֵיילְט פוּן אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער.

אִין דֶער אַייגֶענֶער צַייט הָאבֶּען זִיךְ אַנְדֶערֶע פִיער שְׁבָטִים אָבְּגֶעזוּכְט, דוּרְךְ זַייעֶר אַייגֶענֶער קְרַאפְט. עֶרְשְׁטֶער אִין דָרוֹם-זַייט, דֶעם קְלֵיינֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין הָאבֶּען זַיינֶע נָאהֶענְטֶע קְרוֹבִים פוּנ'ם שֵׁבֶט יוֹסֵף אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַ שְׁמָאל אוּנ נִיט גֶערָאטְהֶען שְׁטִיק עֶרְד, וָואס הָאט פְרִיהֶער גֶעהֶערְט צוּ דִי גִבְעוֹנִים, אוּנ אַלֵיין וַוייטֶער גֶעהֶען אִיז אִיהְם וָועהְר שְׁוָוער גֶעוָועהְן, אָט פוּנְקְט אִין דֶער מִיט פוּנ'ם לַאנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען דִי יְבוּסִים, וָואס מֶען הָאט צוּ זַיי גִיט גֶעקָאנְט צוּטְרֶעטֶען אִיבֶּער דֶער פֶעסְטוּנְג צִיוֹן, וָואס הָאט זַיי גֶעשִׁיצְט, אוּנ דִי פֶאלְקֶער צוּם יַם צוּ, וָוענִין אוֹיךְ גֶעוָועהְן גוּט בֶּעוָואפֶענְט אוּנ מֶען הָאט נִיט גֶעטָארְט מִיט זַיי זַאמְשְׁטֶעפֶען. דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זִיךְ דִי אִיבְּרִיגֶע שְׁבָטִים גֶעמוּזְט בַּאזֶעצֶען נָאר אִין דָרוֹם אוּנ אִין מַעֲרִיב-זַייט אוּנ דֶער גְרֶעסְטֶער חֵלֶק אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט אַ גְרוֹיסֶער אוּנ אִין כֹּחַ פַארְן אַלְטֶסְטֶען אוּנ הָאט גֶעהַאלְטֶען דֶעם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן אוּנְטֶער צִינֶע פְלִיגֶעל

דער ערנסטער גורל איז געפאלען אויפ'ן שבט דן, וואס איז געווען גאנץ קליין אונ האט זיך, וויא עס שיינט, אפילו ניט געקאנט צושלאגען צו איין אלטערן שבט וואס זאל איהם שיטצען. ער האט זיך געהאלטען נעבען שבט אפרים, נאר אזוי ווי זיי זענען ניט געווען קיין מילדע מחותנים האבען זיי איהם קוים אבגע־שפארט א קליין פלאץ, וואו ער האט זיך נאר ניט געקאנט ריהרען. דיא בני דן האבען חשק געהאט זיך צו באזעצען אין טהאל שרון ביז צום ים, נאר פון איין זייט האבען זיי ניט דערלאזט די שטארקע אמורים, אונ פון דער אנדערער זייט האבען זיי געטריעבען טאקי איינענע, די שבטים אפרים אונ בנימין, ביז זיי האבען זיך געמוזט אין גאנצען אוועקלאזען אונ אבזוכען איין ארט נאר ווייט אין צפון־זייט. די שבטים ראובן אונ גד האבען זיך נאך נאר פריהר בא־זעצט פון יענער זייט ירדן.

פון דערסטוועגען האבען זיך אזוי ביסלעכווייס די בני ישראל איינגענומען דעם גרעסטען טהייל פונ'ם לאנד, אונ ניט נאר א סך דורות שפעטער, נאר אפילו אין יענער צייט, האט עס געמוזט אויסזעהן נאר ווי א נס. עס איז נאך קיין פופציג יאהר ניט אוועקגעגאנגען זייט דיא מרגלים, וואס מען האט גע־שיקט אויסזעהן דאס לאנד, זענען צוריקגעקומען מיט א געוואלד אז זיי האבען געזעהן פאר זיך ריזען, מרה־נפש'ניקעס, אונ פלוצים איז נאר אויף דיא גבורים אנגעפאלען אזא שרעק, אז פיעל פון זיי האבען אליין אנגעבוי־גען די קאפ אונ די איבריגע עקשנים האבען געמוזט מיט חרפה אונ בושה אנט־לויפען. דאס האט ביי'ם פאלק אליין אויסגעארבייטעט איין איבערצייגונג אז טאקי נאר גאט האלט פאר איהם מלחמה אונ פארדרעהט די מחות פון די שונאים, אונ מיט שאנע קלינגענדע ליעדער האבען די בני ישראל פער־חתמ'עט ביי זיך אין הארצען דעם זכרון פון זייער ארויסגאנג פון מצרים, פונ'ם שלעפען־זיך אין דער מדבר אונ פונ'ם אריינקומען קיין כנען.

נאר ווען אפילו נאר די ערעמסטע שבטים, שמעון אונ דן, האבען פארט געהאט יעדער וואס ניט איז פאר א פלאץ, איז דער שבט לוי געבליבען אין גאנצען אין דרויסען, ווייל משה: וואס האט געוואלט אז די לוים זאלען דיענען נאט באמת אונ זאלען ניט זיין ווי די כהנים פון מצרים וואס פלעגען אנקלויבען גרידעס געלד, האט אנגעזאגט זיי זאלען זיך ניט אבגעבען מיט קיין וועלט זאכען אונ לעבען נאר פון מעשר. צום אנהייב איז זייער בעשטימט ארט געווען אין גלגל, צווישען יבנה אונ יריחו, דארט איז געשטאנען א געלט מיט צוויי לוחות

אונ דאָרט פְלֶעגט מֶען מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת. נִיט לַאנְג הָאט אָבֶּער גִלְגָל, וָואס אִיז גְעלֶעגֶען אַ בִּיסֶעל אִין אַ זַייט, גֶעקֶאנְט בְּלַייבֶּען דֶער מִיטֶעלְפוּנְקְט: אַז דָאס פָּאלְק הָאט בֶּעקוּמֶען מֶעהְר חָזְקוֹת אוּנ דִיא שְׁבָטִים רְאוּבֵן אוּנ גָד הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען אַ הֵיים פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן. הָאט מֶען גֶעמוּזְט אוֹיסְקְלוֹיבֶּען אֵיין אַנְדֶער אָרְט פַאר דֶעם גָאטֶעסְדִינְסְט, אוּנ אַזוֹי וִוי דֶער שֵׁבֶט אֶפְרַיִם הָאט שְׁטֶאנְדִיג זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַארְן גְרֶעסֶערְן מְיוּחָס, אִיז דֶער גוֹרָל מִן הַסְתָּם גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער שְׁטָאדְט שִׁילֹה, וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם שֵׁבֶט. אַהִין הָאט מֶען אִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט דִיא לוּחוֹת אוּנ דָארְט הָאט מֶען גֶעשְׁטֶעלְט אַ מִזְבֵּחַ, וואוּ עֶס פְלֶעגֶען בְּרֶענְגֶען קָרְבָּנוֹת גְרָאסֶטֶענְטְהֵיילְס דִיא נָאהֶנְטֶע שְׁבָטִים אֶפְרַיִם, מְנַשֶּׁה אוּנ בִּנְיָמִין. דָארְט הָאט אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶער גֶעוָואהְנְט דֶער כֹּהֵן פִּנְחָס בֶּן אֶלְעָזָר אוּנ דָארְט פְלֶעגֶען זִיךְ אוֹיפְהַאלְטֶען פִיעל כֹּהֲנִים אוּנ לְוִיִם, חָאטְשׁ נִיט וֶוענִיג פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט צְווִישֶׁען אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁבָטִים אִין גַאנְצֶען לַאנְד.

דוּרְךְ דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הָאט כְּנַעַן בֶּעקוּמֶען נִיט נָאר אֵיין אַנְדֶער נָאמֶען נָאר אוֹיךְ אֵיין אַנְדֶער כַאראַקְטֶער. עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֵייסֶען ,,אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל", דִיא הֵיילִיגֶע עֶרְד, דִיא יְרוּשָׁה פוּן גָאט. דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער הָאט גֶעוָואלְט אַז דָאס לַאנְד אַלֵיין זָאל שׁוֹין אַיינְפְלִיסֶען זַיינֶע קִינְדֶער אַ לִיעבְּשַׁאפְט צוּ יוֹשֶׁר אוּנ מוּסָר, זֵיי זָאלֶען גֶעדֶענְקֶען אַז נָאר מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים קֶאנֶען זֵיי דֶערְהַאלְטֶען דֶעם כָּבוֹד אוּנ דֶעם גְלַאנְץ פוּן דֶער עֶרְד, וָואס גָאט מִיט זַיין חֶסֶד הָאט זִיא זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַ מַתָּנָה. דִיא עֶרְד הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען דִי פְרִיהֶרִיגֶע אַיינְוואוֹינֶער, וַוייל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק פַארְיְנְדִינְט מִיט דְרַיי זַאכֶען: מִיט רְצִיחָה, זְנוּת אוּנ עֲבוֹדָה זָרָה. דֶערְפַאר אִיז דִי עֶרְד גֶעוָוארֶען הֵיילִיג אוּנ דֶער הִימְלִישֶׁער פָאטֶער הָאט דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט פַאר שְׁלוּחִים זֵיי זָאלֶען אָפְּהִיטֶען דָאס הֵיילִינְקֵייט עֶבִּיג.

אָבֶּער נִיט דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אִיז צוּטְהֵיילְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִיא שְׁבָטִים. פִיעל אֶרְטֶער זֶענִין נָאךְ גֶעבְּלִיעבֶּען אוּנְטֶער דֶער מַאכְט פוּן דִיא פְרִיהֶרִיגֶע אַיינְוואהְנֶער אַ בִּיסֶעל אִיז אִין דֶעם שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן דָאס אַלְטְקֵייט פוּן יְהוֹשֻׁעַ, וָואס אִיז בַּיי דִי לֶעצְטֶע יאהְרֶען נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי פְרִישׁ וִוי מֹשֶׁה אוּנ הָאט גֶעמוּזְט דִיא שְׁוֶוערְד אַרוֹיסְלָאזֶען פוּן דֶער הַאנְד. נָאר נָאךְ מֶעהְר הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ דִיא שְׁבָטִים אֶפְרַיִם אוּנ מְנַשֶּׁה וָואס זֶענֶען זֶעהְר צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן וָואס זֵיי אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי בֶּעסְטֶע עֶרְד אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט מֶעהְר מִלְחָמָה הַאלְטֶען. אַזוֹי אִיז זִיךְ יֶעדֶער שֵׁבֶט גֶעוָוארֶען אַ בַּעַל הַבַּיִת פַאר זִיךְ אוּנ מִיט אֵיינִיגֶע כּחוֹת הָאט שׁוֹין קֵיינֶער נִיט גֶעקֶאנְט רֶעכֶענֶען עֶס זָאל גֶערָאטֶהֶען אָנְצוּהֵייבֶּען אַ קְרִיעג.

דערפֿאר איז געבליבען ניט בײַ די בְּנֵי יִשְׂרָאֵל די גאנצע שטרעקע בײַ'ם יָם פון עַזָּה, אָדער נַחַל מִצְרַיִם, ביז עַכּוֹ. דאס שטיק לאנד פון עַכּוֹ ביז צוֹר אונ צִידוֹן איז שפּעטער אויך ניט אַרונטער אונטער זייער מֶמְשָׁלָה: די צָפוֹן־זייט האט געהערט צו די פְּהֶעניקיער. אונ די דָרוֹם־זייט—צו די פְּלִשְׁתִּים. אַזוֹי האבען פיעל שְׁבָטִים געמוזט זיין נאהענטע שְׁכֵנִים מיט די געצענדיענער אָדער טאקי וואהנען צווישען זיי אונ די יְבוּסִים זענען געווען ווי אַ וואנד, וואס האט אָבגעשיידט די שְׁבָטִים פון יְהוּדָה אונ שִׁמְעוֹן, וועלכע האבען געלעבט איינזאם מיט אַזעלכע ווילדע פעלקער, וואס פלעגען איבערלויפען אויף דיא וועגען ראבעווען מענשען.

יְהוֹשֻׁעַ'ס שִׂמְחָה, וואס ער האט דערלעבט צו זעהן ווי עס איז מְקוּיָם געווארען די הַבְטָחָה פון גאט, אַז ער וועט זיינע קינדער אַריינפיהרען קיין כְּנַעַן, איז איהם פארן טוידט פארשטערט געווארען, ווייל נאר איין העלפט פונ'ם לאנד איז אַריין צו זייא אין דיא האנד אַריין אונ ער האט מוֹרָא געהאט טאמער מאכען די שׂוֹנְאִים יַד אַחַת אונ מען צושטערט מיט אַמאל זיין גאנצע אַרבּייט. עס האט איהם נאך געמוזט מעהר וועה טהון, ווען ער האט זיך דערמאהנט, אַז ער האט ניט קיינעם וועמען איבערצוגעבען די קאמאנדע, אַז עס איז ניטא אַזא פיהרער, וואס אַלע שְׁבָטִים זאלען פאר איהם דרך אֶרֶץ האבען, אונ בעזאנדערס דער שטאלצער שֵׁבֶט אֶפְרַיִם. אַזוֹי איז יְהוֹשֻׁעַ געשטארבען אונ האט איבערגעלאזט זיין פאלק איין איינציגע יְרוּשָׁה—דאס איז דיא האפנונג, אַז מיט דער צייט וועט דאס לאנד אין גאנצען בלייבען זיינס. דיא שְׁבָטִים זענען דעמאלט געווען אין אַזא צו־דרעהטען מַצָּב, אַז זיי האבען אֲפִילוּ ניט פערשטאנען וועמען זיי האבען פער־לארען, זיי האבען איהם ניט בעוויינט אונ ניט אַזוֹי געכאפּט צו ערפיה־לען דיא האפנונג מיט וועלכער יְהוֹשֻׁעַ האט צוגעמאכט דיא אויגען.

מען דארף ניט פארגעסען, אַז ווי פיעל פעלקער עס האבען געוואהנט צווישען די בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, אָדער ארום זיי, זענען זיי אַלע געווען זיי דם־שׂוֹנְאִים. זיי האבען אֲפִילוּ ניט פערשטאנען וואס פאר אַ חִלּוּק איז צווישען זיי אונ דעם נייעם פאלק, זיי האבען נאך ניט געוואוסט אַז בײַ דעם פאלק איז דא עפּיס נאר אַ נייע תּוֹרָה וואס הייסט צושטערען זייערע אָבגעטער, צוברעכען זייערע מִזְבְּחוֹת אונ מאכען אַ תֵּל פון זייער גאנצער עֲבוֹדָה זָרָה; נאר אויף אַזוֹי פיעל האבען זיי זיך געשטויסען, אַז מען דארף פיינד האבען מענשען וואס פאלען אָן אונ געהמען צו אַ שטיק לאנד. וואס־זשע האבען געקענט טהון די בְּנֵי יִשְׂרָאֵל געגען אַזא אָפענער אָדער

געהאַלטענער שׂנאה; אָדער שלאָגען זיך אַז דאָס בלוט זאָל רינען. אָדער פֿער-
ביסען מיט די ליפּען און מאַכען אַ שווייג. אויף מלחמה האָבען זיי זיך ניט געקאָנט
ענטשליסען, ווייל מיט יהושע'ס טויט איז אויך אָבגעשטאָרבען זייער אחדות און
גבורה; אַוודאי האָבען זיי געמוזט זוכען אַלע וועגען אויף שלום. די כנענים און
די פֿעניקער, וואָס האָבען נאָר געוואָלט פֿריי און רוהיג פֿיהרען זייער האַנדעל,
זענען דערפֿון דווקא צופֿרידען געוועהן; נאָר די שכנים ביי דער גרעניץ, ווי די פּלשתּים,
אדומים, עמונים און מואבים, האָבען אָנגענומען דעם שלום ניט מיט'ן גאַנצען
האַרץ און האָבען זיך שטאַנדיג נאָר געזוכט און געטשעפּעט.

די בני ישראל האָבען אָבער ערנסט געמיינט דעם שלום, ווייל דאָס שטיקעלע
מנוחה, נאָך לאַנג בידעווען און נע ונד זיין, איז ביי זיי זעהר טהייער געווען.
צווישען פֿיעל שבטים און אַנדערע פֿאָלקער איז געוואָרען אַזאַ גרויס פֿריינדשאַפֿט
אַז זיי האָבען זיך אָנגעהויבען משדך זיין איינער מיט דעם אַנדערן. דאָס פֿערשטעהט
זיך, אַז מען ווערד אַ זייגע נאָהענטע מחותנים, הייבט מען זיך אָן צוצוקוקען ווי
אַזוי יענער לעבט, ווי ער פֿיהרט זיך, און אַזוי ווי די תורה איז נאָך ניט געוועהן
שטאַרק בעפֿעסטיגט צווישען זיי, די לוים האָבען זיך אָרעם און עלענד אַרומ-
געשלעפּט, היינט דאָ און מאָרגען דאָרט און דרך ארץ פֿאַר זיי האָט מען קוים געהאַט
האָבען די בני ישראל ניך זיך אָבגעלערנט אַלע מדות פֿון די געצענדיענער און
ביסלעכוויים האָבען זיי אָנגעהויבען אמונה צו קריגען אין זייערע אָבגעטער, און מיט
דער צייט האָט מען שוין אויף אַלע הויכע בערג, אָדער צווישען די געדיכטע
ביימער, געקאָנט געפֿינען זיילען, מצבות, צום זכר פֿון די פֿעניקישע גאָטער בעל
(אַדאָנים), דעם גאָט פֿון דער זונן, אָדער עשתרות (אַסטאַרטע), דעם גאָט פֿון דער לבנה.
און אַ חוץ דעם פֿלעגט מען אין יעדער אָרענטליכער שטוב האַלטען תרפים: געצענ-
בילדער אין געשטאַלט פֿון מענשען, כדי זייער זכות זאָל בעשיטצען דעם בעל
הבית און דעם גאַנצען הויזגעזינד.

מען קאָן אָפּילו ניט זאָגען אַז די בני ישראל האָבען אין גאַנצען פֿערגעסען ווער
זיי זענען: בייא פֿיעל פֿון זיי אין האַרץ האָט נאָך געלעבט דער זכר פֿון די נסים
וואָס גאָט האָט מיט זייערע עלטערן געטהון און איין דור פֿלעגט איבערגעבען דעם
אַנדערן דיא וואונדער פֿון יציאת מצרים; אַחוץ דעם פֿלעגען זיך אָפֿט די לוים
אַרויסשטעלען מיט שאַרפֿע ווערטער און שטראָפֿען דעם עולם ער זאָל געדענקען
זיין שורש און זאָל זיך ניט לאָזען אַראָבפֿיהרען פֿונ'ם גלייכען וועג. עס האָט אָבער
ווענ'ג געהאָלפֿען, ווייל, פֿערגעסענס, איז שוין טאַקע געוועהן שווער די אָבגעריסענע

ער האט געהייסען לעשען: דאס ראמישע חיל איז שוין געוועהן אזוי צובייזט, אז עס האט ניט געקוקט אויף קיינעם אונ האט נאר אהן רחמנות אויסגעהרגעט אומשולדיגע ווייבער אונ קינדער, וואס האבען זיך ניט געמישט אין קיין זאך, אונ האבען נאר געהאפט אז פונקט אין דער לעצטער מינוט וועט געשעהן עפּיס א נס אונ די ישועה וועט קומען.

אזוי איז דער בית שני חרב געווארען פונקט אין דעם איינענעם טאג וואס דער בית ראשון. די כהנים האט טיטוס געהייסען אומברענגען, עס זאל ניט בלייבען קיין זכר פון דעם יודישען גאטעסדיענסט. נאר פון דעסטוועגען האבען זיך נאך א קליינע טהייל געהאלטען אין דער אייבערשטער שטאדט „ציון", וואס איז נאך געוועהן גוט בעפעסטיגט. טיטוס האט פארגעלעגט די יודען זיי זאלען זיך אונטערגעבען, נאר די פארשטעהער יוחנן אונ שמעון האבען געאנטפערט, אז זיי האבען געשווארען די כלי זיין ניט ארויסצולאזען פון די האנד, אונ דאריבער קאנען זיי איבערגעבען די אייבערשטע שטאדט נאר מיט דעם תנאי מען זאל זיי לאזען פריי אונ בעוואפענט אוועקגעהן. דארויף האט טיטוס ניט געוואלט בעשטעהן, אונ די יודען האבען זיך אויף זיין יושר ניט געקאנט פערלאזען: עס האט זיך ווייטער אנגעהויבען א מלחמה וואס האט זיך געצויגען צוואנציג טאג, די יודען זענען שוין געוועהן שטארק אבגעשוואכט דערצו האבען זיי נאך געמוזט האבען צו טהון מיט די אדומים. וואס האבען מעהר געצויגען צו די ראמער. עס איז געקומען דערצו, אז די יודען האבען זיך נאר געמוזט איננוועניג בעווארענען געגען זייערע פריהעריגע גוטע פריינד אונ בעשיצער. פיעל פון די אדומים האבען זיי געטויטעט, אונ די איבעריגע פערשלאסען אין תפיסה, אונ אזוי האבען זיי זיך געשלאגען ביז דער לעצטער רגע, ביז טיטוס האט דעם אכטען אלול, איינגענומען אויך די אייבערשטע שטאדט.

טיטוס האט געהייסען צושטערן כמעט גאנץ ירושלים, וואס האט איהם געקאסט אזוי פיעל מיה אונ צוגענומען דאס לעבען ביי מעהר פון א מיליאן מענשען. קיין גאנץ שטיינדעל האט דער שונא ניט איבערגעלאזט, אונ איניינעם מיט'ן לעצטען הייזעל וואס די ראמישע סאלדאטען האבען צוברָאכען, איז אומגעפאלען דער גרויסער בנין פון דער יודישער זעלבסטשטאנדיגקייט... אש איז געווארען פון דער היילינגער שטאדט, ציון איז געבליבען א ביטערע אלמנה... מיט א צובראכען הארץ האט זי געזעהן ווי איהרע עלענדע קינדער ווערען צוזאָעט אונ צושפרייט אויף דער וועלט, אונ זי האט זיי מעהר ניט געקאנט העלפען ווי מיט טרעהרען; ווייל קיין איינציגער שיין פון האפנונג האט זיך ניט ארויסגעוויזען, אונ עס איז שוין מעהר קיין נביא ניט געוועהן וואס זאל היילען די וואונדען מיט א זיס ווארט פון נחמה



# רעגיסטער

## פֶערצֵייכְנִיש פוּן אַלֶע נָאהמֶען וָועלְכֶע קוּמֶען פָאר אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען בַּאנְד.

## ח

